יהודה שאיאק

# צווייּ דערצעלונגען

פאַרלאַג
„די אידישע וועלט"
קאָפּענהאַגען 1921.

# ראָזאַ'ס ליבע

## א.

פריילײן שומאן האט פון אלע יארען געלעבט צוזאמען מיט איר מוטער — א פרוי אין די יארען מיט זילבער־גרויע האר.

זי איז געווען דאס איינציגע קינד. פון פיער איין און איינציג געבליבען דערפאר דאבעלט באליבט ביי איר אלטער מוטער. וועל־כע האט ווי א געטרייער שומר געוואכט איבער דעם „איינציגען טרייסט אין לעבען" און געציטערט איבער איר ווי איבער א זעל־טען טייערען שטיין...

ביי זיך האט פרוי שומאן שוין לאנג געהאט אפגעמאכט:

כל זמן גאט וועט איר שענקען יארען און לעבען, וועט זי איר איינציג קינד פון זיך נישט אוועקגעבען. ביי איר האט זי עס גוט, גיט אויף איר אכטיג, היט אפ איר טריט און שריט — הײנט צו וואס זי אוועקגעבען אין פרעמדע הענט?...

אויך צו באקאנטע האט פרוי שומאן אויפענהארציג ערקלערט:

— צו וואס זי לאזען חתונה האבען?... שוין סיי ווי סיי א מעדעל אין די יארען און דערצו נאך אזוי פארוויינט; אזוי איידעל ווי זי איז — — — פאסט איבערהויפט נישט צו זיין די פרוי פון א מאן... אזוי לאנג ווי איך וועל לעבען, וועט זי בלייבען נעבען מיר, ווייל — האט זי צוגעגעבען מיט א טיפען זיפץ — אין ערגיץ וועט זי עס נישט האבען אזוי גוט ווי ביי מיר...

איז אבער פריילין שומאן פון דער נאטור געווען געבענשט מיט די גוטע אייגענשאפטען וועלכע באצירען דעם וועזען פון א פרוי: הויך און שלאנק, צארט און גראציעס און געמאכט א גוטען איינדרוק נישט קוקענדיג דערויף, וואס זי איז שוין געווען איבער די דרייסיג... אירע ליכטיג־לעבענדיגע אויגען מיט דעם קליינעם בא׳חנ׳טען מיילעכעל מיט די רויטע ליפעלעך, וועלכע פלעגען רייצען די געפילען פון יעדען מאן האבען זיך בעטען, אז מען זאל זיי פשוט אויפקושען...

ביי די שומאנ׳ס אין הויז איז דאס לעבען געגאנגען דעם געוועגליכען טעגליכען גאנג:

פרוי שומאן איז א גאנצען טאג געווען פארנומען מיט איר הויז־ווירטשאפט און די טאכטער — אין ביורא, וואו זי פלעגט ארבייטען נאר עטליכע שעה אין טאג. דעם פלאץ האט איר די מוטער פארשאפט דורך גוטע רעקאמאנדאציעס, וועלכע האבען אנגעוויזען, אז פריילין שומאן איז אנ׳איידעל קינד, א שוואך קינד, און „דער

איינציגער טרייסט אין לעבען״, און, דערפאר בעט מען, אז איר אר־בייט זאל זיין א לייכטע, א באשרענקטע און נישט צופיל אנשטרענ־גענד...

אין די זומער־חדשים פלעגט פריילין שומאן אהיימקומען פון קאנטאר גאנץ פריה, די זון איז דאן נאך געשטאנען הויך אויפ׳ן הי־מעל און אפעפענדיג מיטאג, צוזאמען מיט איר מוטער געגאנגען אויף א שפאציר אין שטאט־פארק אויף פרישע לופט און שפעטער אינ׳ם קאפע־הויז טרינקען קאפע און הערען קאנצערט...

אין שטאט, וואו די אלטע פרוי שומאן איז געבוירען און ער־צויגען געווארען — און אזוי אויך איר טאכטער — און וואו אלע האבען זיי זער גוט געקענט, זענען זיי געווען אנגעזעהענע און גע־אכטעטע מענשען.

איבעראל וואו זיי פלעגען נאר קומען — אין שטאט־פארק, אין קאפע־הויז און איבער די גאסען פון שטאט — פלעגען זיי פריינדליך באגריסט ווערען פון פריינט און באקאנטע. אלע האבען געוואוסט, אז פרוי שומאן איז אנ׳אינטעליגענטע פרוי און איר טאכ־טער — א פיין־ערצויגען קינד.

פריילין שומאן פלעגט פון צייט צו צייט געהן אויף אווענט־פארווייל ונגען צו וועלכע זי איז איינגעלאדענט געווארען פון אירע חבר׳טארינס אדער פון באקאנטע.

אויף לעצטען פריהלינג איז פריילין שומאן געווען צו א גרוי־סען באל פון וועלכען זי איז אהיימגעקומען שפעט אין דער נאכט

און באאונרוהיגט איר אלטע מוטער, וועלכע איז אויפגעזעסען און געווארט ביז זי וועט אהיימקומען.

און אט זייט דעם דאזיגען אוונט איז אין דעם לעבען פון מוטער און טאכטער אריינגעטרעטען א גרויסע פארענדערונג.

ב.

„וואס איז מיט דיר, מיין קינד?" האט פרוי שומאן געפרעגט איר טאכטער, וועלכע איז געזעסען ביים פענסטער א פארטראכטע.

„גארנישט!..."

פרוי שומאן האט ארויפגעלעגט איר האנט אויף איר טאכ־טער'ס קאפ און זי צו זיך צוגעטוליעט.

„וואס ביסטו עס לעצטענס אזוי שטארק פארטראכט, ראזא? וואס איז פלוצים געשעהען מיט דיר? דערצעל, קינד מיינס. האסטו דען נישט קיין צוטרוי צו דיין אלטער מוטער?"

ראזא האט גענומען בארוהיגען איר מוטער און געהאלטען אין איין זאגען „גארנישט"...

זי איז בלויז א ביסעל נערוועאיש... אנגעשטרענגט פון די לעצטע טעג ארבייט, און נישט מער...

ראזא איז ווי פריהער ארומגעגאנגען א פארטראכטע און קיין ווארט נישט ארויסגערעדט.

פרוי שומאן, וועלכע האט פון צייט צו צייט עפעס וואס גע־

פרעגט ביי איר טאכטער אדער וואס דערצעלט, האט כסדר באקו־מען א שוואכע תשובה פון וועלכער זי האט געקענט פארשטעהן, אז ראזא איז גאנץ גלייכגילטיג צו אלעס, וועגען וואס זי רעדט און דערצעלט און אז אירע רייד פאלען איר נאר צו לאסט — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

ווען פרוי שומאן איז מיט איר טאכטער געזעסען ביים טיי־כעל, וואס האט זיך דורכגעשלענגעלט דורכ'ן שטאט־פארק, האט ראזא זיצענדיג א פארטראכטע אויף די פארביישווימענדע ווייסע שוואנען, פלוצים געזאגט:

„מאמע!“

„וואס איז מיין קינד?“

פרוי שומאן האט אויפגעהויבען איר זילבער־גרויען קאפ און מיט בייגעריגע בליקען, פול מיט ליבע, געקוקט ראזא'ן אין די אוי־גען.

ראזא האט אירע בליקען פון די פארביישווימענדע שוואנען נישט אראפגענומען:

„איך האב געדענקט וועגען אראנזשירען א שטיקעל אוועט ביי אונז אין דערהיים און בעטען עטליכע מענשען...“

„וואס עפעס פלוצים?“ האט פרוי שומאן געפרעגט מיט פאר־וואונדערונג.

„יא. ס'איז עפעס אזוי אומעדיג און לאנגווייליג... שטענדיג דאס זעלבע: ווידער שפאצירען און ווידער אין פארק־אריין און

אינ׳ם קאפע־הויז — עס דערעסט זיך פשוט... ס׳ווילט זיך אויך זעהן א פאר פרעמדע מענשען אין הויז...

„מיינעט וועגען, אראנזשיר אנ׳אווענט...“ האט פרוי שומאן געזאגט מעכאניש אונטער דער נאז.

א ווײלע האבען ביידע געשוויגען פארטראכטע׳

ראזא האט דאן צוגעגעבען:

„דו וואלסט זיך אויך געפילט אביסעל בעסער מיט א פאר פרעמדע מענשען... מען קאן דאך נישט שטענדיג זיצען אזוי אפ־געשלאסען פון דער וועלט...“

פרוי שומאן האט א ווײלע נאכגעדענקט:

„האסט אפשר רעכט, מיין קינד... וועמען דענקסטו איינ־צולאדען?“ האט זי דאן אפרעג געטון.

„כ׳ווייס... ס׳וועט זיך שוין געפינען וועמען בעטען... א צוויי מענשען פון ביורא און נאך עטליכע באקאנטע...“

און ווידער זענען זיי אנטשוויגען געווארען.

זיי האבען מער נישט גערעדט דערוועגען.

בלויז פריילין שומאן האט לייכטער אפגעזיפצט און מיט א שמייכעל געקוקט אויף די צוויי ווייסע שוואנען וועלכע האבען זיך געיאגט איינע נאך די אנדערע איבער׳ן טייכעל — — — — —

ווען זיי זענען אהיימגעקומען אין אווענט, האט ראזא געזאגט:

„טא וועל איך מיך אוועקזעצען און אנשרייבען עטליכע איינ־לאדונגען.“

פרוי שומאן האט זיך געפילט ווי צוטומעלט:

„איילט עס דען אזוי שטארק?...“

„אט האב איך גראדע באקומען חשק צו מאכען א שטיקעל אוועגט, טא וואס דארף איך עס ווארטען...“

ראזא האט פון שופלאד ארויסגענומען עטליכע פארביגע בריף־בייגעלעך און קאנווערטען און זיך אוועקגעזעצט שרייבען.

פרוי שומאן איז א ווײַלע געשטאנען ביים אפענעם פענסטער און ארויסגעקוקט אויפ׳ן גאס.

„ראזא.״

קיין תשובה.

„ראזא!״

„יא...״

„וועמען דענקסטו צו בעטען?״...

כ׳וועל בעטען פרייליין ראזענבלאט, פרייליין בערמאן און...

ראזא איז שטעהן געבליבען און אראפגעלאזט די אויגען אויפ׳ן פאפיר.

„און וועמען נאך?״... האט פרוי שומאן גלייך אונטערגע־כאפט מיט נייגעריגקייט און זיך איינגעקוקט אין איר טאכטער.

„און צוויי יונגע לייט, וועלכע דו קענסט נישט“ — — —

„צוויי יונגע לייט, וועלכע איך קען נישט?״ האט פרוי שו־מאן איבערגע׳חזר׳ט און אירע אויגען פון ראזא׳ן נישט אראפגע־נומען.

ראזא האט נישט געענטפערט.

א מאדנער געפיל האט זי באהערשט. זי האט מיט א נערוויי־זיטעט געדרעהט די בייגעלעך פאפיר פון איין זייט אויף דער צוויי־טער, געשריבען עטליכע שורות, פארטראכט זיך א ווײַלע און צורי־סען דאס בייגעלע פאפיר אנהויבענדיג שרייבען אויף אנ׳אנדערס...

ג.

אין פרוי שומאנ׳ס לעבען איז פלוצים אריינגעטרעטען אנ׳ אונרוהיגקייט. א מאדנער געפיל האט זי לעצטענס באהערשט. זי האט זיך אליין נישט געקענט ערקלערען, וואס אזעלכעס עס איז גע־שעהן מיט איר... זי האט כסדר געטראכט וועגען איר איינציג קינד און וועגען דעם, וואס איר ראזא איז לעצטענס געווארען אזוי מאד־נע שטיל און געהיימניספול — — — —

אויך מיט ראזא׳ן איז לעצטענט פארגעקומען א שטארקע פארענדערונג: זי איז די לעצטע טעג געווארען מונטערער, אירע אויגען שטראלענדער און טיף אין הארצען האט געברענט א גע־היימניספול פייער׳ל פון פרייד...

א טאג פאר׳ן אראנזשירטען אווענט האט פרוי שומאן, נאכ׳ן טעה־טרינקען, זיך אוועקגעזעצט נעבען ראזא׳ן און ארומנעהמענדיג זי מיט א מוטערליכער צערטליכקייט, האט זי שטיל געזאגט:

„ראזא!”...

ראזא האט אראפגעלאזט אירע אויגען און זיך צערטליך גע־טוליעט צו איר אלטער מוטער.

„זאג מיר ראזא, וואס איז עס אזעלכעס, וואס דו לעבסט אי־בער אין דיין טיפען איבערן פון וועלכען איך טאר נישט וויסען?...״

ראזא האט אירע אויגען נישט אויפגעהויבען.

„בין איך דען נישט תמיד געשטאנען ביי דיין זייט ווי אנ׳ אמת׳ער גוטער פריינט? טא פארוואס בין איך דיר פלוצים אזוי פרעמד געווארען?... דערצעל, קינד מיינס, וואס עס איז לעצטענס די אורזאך פון דיין פלוצימדיגער פארענדערונג און געהיימניספולען שטילשווייגען?...

ראזא האט זיך פעסטער צוגעטוליעט צו איר אלטער מוטער און מיט ריהרענדע ווערטער געזאגט:

„כ׳ווייס נישט, מאמע, וואס עס איז געשעהן מיט מיר... איך האב מיר שוין פיל מאל אליין געשטעלט די זעלבע פראגע, אבער ס׳איז מיר שווער זיך דאס צו ענטפערן... איך ווייס נאר אז איך בין לעצטענס אזוי אונרוהיג און פיל מיך אזוי איינזאם...

„וואס עפעס אזוי פלוצים, טייערע ראזא?״ האט פרוי שומאן געגלעט איר טאכטער איבער איר שענעם קאפ האר.

„כ׳ווייס נישט, כ׳ווייס נישט פארוואס... מעגליך, אז ס׳איז דער שענער פרילינג, וואס האט אויף מיר געהאט אזא שטארקע ווירקונג — — —“

ד.

אויף צו מארגענס איז ראזא אהיימגעקומען פון ביורא אבי־סעל שפעטער ווי געווענליך און איז געווען אנגעלאדענט מיט פארשידענע פעקלעך און מיט אייניגע בוקעטען בלומען.

אוועקגעלעגט די פעקלעך, אריינגעשטעלט די בלומען אין וואזען, אנגעגאסען פריש וואסער, האט זיך ראזא איילענדיג און נערוועאיש גענומען מאכען אביסעל ארדנונג אין הויז: ווען זי איז פארטיג געווארען מיט'ן איינריכטען דעם טיש האט זי זיך געווענ־דעט צו דער מוטער:

„דאס איבעריגע וועסטו שוין באזארגען, א יא? איך וועל מיך נעהמען איבערטון."

ווען ראזא איז פארטיג געווארען מיט'ן איבערטון זיך, האט זי זיך צוריק גענומען צום טיש, איבערגעשטעלט א גלאז אהין, א טעלער אהער, ארויפגעשטעלט די פרישע דופטענדע בלומען און דאן ערשט צוגעהאלפען דער מוטער מיט'ן „גלייך מאכען זיך."

אכט א זייגער האבען זיך באוויזען די ערשטע געסט — פריילין ראזענבלאט און פריילין בערמאן.

מען האט זיך באגריסט, אויסגעפרעגט איינע ביי די אנדערע. באוואנדערט דעם שעהן געדעקטען טיש און דאן זיך אוועקגעזעצט אין די טיפע לעהן־שטולען און געמיטלעך געפלוידערט מיט פרוי שומאן און איר טאכטער.

ראזא איז פון מינוט צו מינוט געווארען אלס מער נערוועאיש און נישט אויפגעהערט צו קוקען אויפ׳ן זייגער און זיך איינגעהערט צו דער טיר...

עס האט זיך דערהער׳ט א קלינג אין טיר.

ראזא איז אויפגעשפרונגען פון ארט און איז ארויס עפענען. אין א ווײלע ארום איז זי צוריק אריינגעקומען מיט צוויי יונגע לייט און זיי פארגעשטעלט:

הער זעליגמאן, הער קאץ!... דאס איז מיין מוטער, פריילײן בערמאן און פריילײן ראזענבלאט...

מען האט זיך באגריסט געגענזייטיג. א ווײלע האט געהערשט א פארלעגענהייט און א צוטומלונג צווישען אלעמען...

„מאכט זיך באקוועם... זעצט אייך..." האט פרוי שומאן געזאגט מיט א געקונסעלטער פריינדליכקייט און א שמייכעל, וואס האט זיך צוקרימט אויף אירע דינע ליפען.

מען האט זיך אויסגעזעצט. יעדער פאר זיך אין אנ׳אנדער ווינקעל פון שטוב, וואס איז געווען העל באלאכטען, בלויז פרוי שו־מאן מיט איר טאכטער זענען צוזאמען געזעסען אין דער סאפא, וואס איז געשטאנען ביי דער וואנד.

אין א ווײלע ארום האט זיך ענטוויקעלט א געשפרעך וועגען פארשידענע טאג־פראגען, איבערגעשפרונגען צו פאליטיק און דאן צו דעם וכוח אין דער פרעסע איבער דעם יונגען דיכטער, וועלכער האט מיט זיין לעצטעס ווערק געמאכט אזא געוואלדיגען רושם...

באלד אבער האט זיך ראזא אויפגעשטעלט און איבערגעריי־
סען דעם געשפרעך מיט דער ענטשולדיגונג, אז זי בעט די געסט
צום טיש.

ביים טיש האט מען ווייניג וואס גערעדט. בלויז זעליגמאן
האט געמאכט אייניגע באמערקונגען וועגען די שיינע בלומען, וואס
זיינען אויפ'ן טיש געשטאנען און ראזא האט מיט א צופרידענעם
שמייכעל אויף די ליפען זיך פארענטפערט, אז זי האט די בלומען
געקויפט אין גרויס איילעניש און האט זיך דערום נישט געקענט
ארומזעהן צו זיי זיינען גענוג שעהן און פריש...

ווען מען איז פארטיג געווארען מיט'ן טרינקען קאפע, האט
פרוי שומאן פארגעשלאגען איר טאכטער צו שפילען עפעס אויפ'ן
קלאוויר און ביידע יונגע לייט האבען אונטערגעהאלפען פרוי שומאן
און געבעטען ראזא'ן עפעס שפילען.

ראזא האט תחילות אפגעשלאגען דעם פארשלאג מיט'ן אויס־
רייד דאס זי שפילט זעהר שלעכט און, אז די הער'ן זיינען צו קריי־
טיש אויף מוזיק כדי זי זאל זיי מיט איר שפילען קענען צופרידענ־
שטעלען, צום סוף האט ראזא איינגעשטימט צו שפילען צוזאמען
מיט איר מוטער אויף „פיער הענט" סוועניסענס „פעסט־פאלאנעזע",
אבער נאר מיט דעם באדינג, אז מען זאל נישט זיין צו שטרענג
געגען איר און נישט צופיל ערווארטען...

ווען זיי זיינען פארטיג געווארען מיט דער „פעסט־פאלא־
נעזע", האבען די אנדערע שטארק אפלאדירט און באוואונדערט

דאס שענע אויספירען פון אזא שווערען מוזיק־נומער און געבע־טען שפילען נאך וואס.

ראזא האט זיך געהאלטען אין איין אפזאגען, אבער פרוי שו־מאן, שטאלץ פון דער אנערקענונג, האט צוגעגעבען:

„קיין קינסטלער זענען מיר נישט, אבער א „פיערהענטיגען" קענען מיר נאך תמיד א שפיל טון — — — לאמיר פרובען בראהמ׳ס „אונגארישע טענץ"...

„ניין, דאס נישט, בשום אופן נישט בראהמ׳ס", האט ראזא געהאלטען אין איין אפשלאגען און מיט א טריאומפירענדען בליק געקוקט אין דער זייט וואו זעליגמאן איז געזעסען. בראהמ׳ס איז צו שווער ..

„שפילט די „אונגארישע טענץ" פריילין שומאן", האט זע־ליגמאן געבעטען מיט א מילדער שטימע. שפילט דעם נומער 5, דאס איז אזוי הערליך"...

ראזא איז וייכער געווארען:

„איך קען אייך נאר זאגען, דאס איר וועט ענטוישט ווערען, הער זעליגמאן, האט ראזא געענטפערט און גענומען אויפמישען די נאטען מיט בראהמ׳ס „אונגארישע טענץ".

ווען דער לעצטער אקארד האט זיך צוגאסען איבער׳ן שטוב, איז ראזא אויפגעשפרונגען פון קלאוויר א צוהיצטע און געמאכט מיט די הענט:

„הערט אויף אפלאדירען, קלאפט נישט, ווייל ס׳איז דורכאויס

שלעכט געשפּילט, שלעכט, זער שלעכט...“

קאַץ האָט מיט גרויס באַגייסטערונג גענומען רעדן וועגן ראָזאַ׳ן און איר מוטער׳ס שפּילן און זעליגמאַן האָט זיינע אויגען פון ראָזאַ׳ן נישט אַראָפּגענומען...

„איר שפּילט וואונדערבאַר פריילין שומאַן“, האָט ער געזאָגט אין אַ באַשיידענעם טאָן.

„נישט אמת, נישט אמת!...“ האָט ראָזאַ זיך פאַרענטפערט מיט אַ פאַרשעמטען בליק פון וועלכען עס האָט אַרויסגעשטראַלט אַ ים מיט פרייד.

„איך האָב תמיד געזאָגט, אַז זי זאָל נישט אויפגעבען דאָס קלאַוויר“, האָט פרוי שומאַן געזאָגט זייענדיג מיטגעריסען פון דער הערשענדער באַגייסטערטער שטימונג אוועקזעצענדיג זיך אויף דער סאָפאַ. „איר האָט זי געדאַרפט הערען שפּילען טשייקאָווסקי׳ס „מאָנאַטס־סאָנאַטע“, אָדער סיביליוס׳ס „וואַלץ טריסטע“, וואָלט איר זיך איבערצייגט, אַז זי האָט טאַלענט... אָבער וואָס זאָל איך טון מיט איר, אַז זי איז אַזוי שטאַרק זעלבסט־קריטיש און האַלט אין איין שרייען, אַז זי שפּילט שלעכט?...

„איך שפּיל טאַקי זער שלעכט!...“ האָט ראָזאַ צוגעגעבען און געפּילט ווי אַ רויטע פאַרב האָט זיך אויסגעגאָסען אויף איר פּנים און דאָס האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט פאַר פרייד...

עס האָט זיך גלייך ענטוויקעלט אַ געשפּרעך איבער מוזיק און עס זענען דערמאַנט געוואָרען אַ גרויסע צאָל באַקאַנטע קאָמפּאָ־

ניסטען און קינסטלער.

פרוי שומאן רעדענדיג וועגען מוזיק איז געווארען ליידענ־שאפטליך אין איר געשפרעך און כסדר געזוכט ארויסצואווייזען וואס פאר א קענער זי איז אויף דעם דאזיגען קונסט־געביט.

גלייך איז מען ארויפגעקומען אויף וואגנער און דא האט זיך אנגעהויבען א ליידענשאפטליכע דיסקוסיע צווישען קאץ'ן און פריי־ליין ראזענבלאט. קאץ האט זיך געהאלטען צו די קלאסיקער און פרייליין ראזענבלאט צו די מאדערנע־ראמאנטיקער. זעליגמאן האט זיך אויך אריינגעמישט אין דעם ליידענשאפטליכען וכוח און איינ־געשטימט מיט פרייליין ראזענבלאט. דאגעגען האט פרוי שומאן גע־האלטען אין איין שרייען אז אלעס, וואס עס איז מאדערנע איז נישט קיין קונסט נאר „משוגענע קונצענמאכער...“

„אלע פארשידענע משוגעת'ען פון פלוידערזעק האט מען א נאמען געגעבען „מאדערנע“... האט פרוי שומאן געזאגט מאכענדיג מיט די הענט אין דער לופט וועלענדיג באצייכענען די ווילדקייט פונ'ם מאדערניזם... מעגליך אז עס איז „מאדערנע“ ווי איר רופט עס, קונסט איז עס אבער נישט, ווייל אלעס וואס הייסט „מאדערנע“ איז אהן געפיל און אהן שטימונג — — —“

בלויז ראזא איז געזעסען אין טיפען לעהן־שטוהל און גע־שוויגען.

ווען דער זייגער האט געשלאגען צוועלף, האבען זיךביידע מעדלעך מיט אמאל אויפגעשטעלט און ערקלערט, אז זיי מוזען שוין

געהן אהיים.

אויף קאץ און זעליגמאן האבען זיך גענומען פארברייטען צום געהן און דערביי ערקלערט, אז דער אווענט איז שנעל און אונבא־מערקבאר פארבייגעלאפען אין געמיטליכע פלוידערייען.

ביידע יונגע לייט האבען געדאנקט פאר דער ארגאנזשירונג פונ׳ם אווענט, פאר דער פריינדליכער אויפנאהמע און פאר די גע־מיטליכע אנגענעהמע שעה׳ן, וואס זיי האבען פארבראכט אינ׳ם הויז.

„האפענטליך וועט איר נישט זיין קיין געסט ביי אונז אין הויז און אונז אפטער באזוכען...“ האט פרוי שומאן געזאגט פון גע־וואוינהייט צו געסט און נישט איבערדענקענדיג איבער די ארויס־געזאגטע ווערטער.

„יא, קומט אפטער, אפשר וועט מיך דאס ערמונטערען צום שפילען...“ האט ראזא צוגעגעבען און אירע פאר פרייד־שטראלענ־דע אויגען אפגעשטעלט אויף זעליגמאנ׳ען.

„א דאנק פאר אייער פריינדליכער איינלאדונג“, האט זעליג־מאן געזאגט און פעסט געדרוקט ראזא׳ס האנט.

ווען די געסט זענען זיך צוגאנגען האט פרוי שומאן גענומען אראפרוימען פון טיש און געמאכט די בעטען פאר זיך און פאר רא־זא׳ן נישט ארויסזאגענדיג קיין ווארט.

אויף ראזא האט געשוויגען — — —

ווען מוטער און טאכטער זענען שוין געלעגען יעדער אין זייער בעט און אין שטוב איז געווען פינסטער, האט פרוי שומאן

פלוצים געזאגט:

„ראזא, שלאפסט?...“

„ניין“.

„ביסט מיד?“

„ניין“.

„טא פארוואס ליגסטו אזוי שטיל און זאגסט קיין ווארט נישט?...“

קיין תשובה.

„וואס האב איך ווידער געטון אזעלכעס, וואס דו ביסט פלוצים ברוגז געווארען?...“

„גארנישט, מאמע“.

„האסט קאפ־וועהטאג? וואס דען, אזא טומעל!...“

„ניין, דער קאפ טוט מיר נישט וועה, איך וויל בלויז, אז דו זאלסט מיך לאזען ליגען רוהיג... כ'וויל שלאפען...“

פרוי שומאן האט זיך נערוועאיש און געערגערט אויסגעדרעהט צו דער וואנט.

און ווידער האט א שטילקייט געהערשט אין שטוב, וואו עס האט זיך קלאהר געהערט דער לאנג־אויסגעצויגענער טיק־טאק פון דעם גרויסען וואנט־זייגער.

ראזא איז געלעגען מיט אפענע אויגען און פארשידענע ביל־דער זענען פאר איר פארבייגעשוואומען.

ראזא האט געהערט ווי דער זייגער האט געשלאגען דריי —.

ה.

הויך איז געהאנגען די זון אויף דעם טיפען בלויען הימעל און באגאסען מיט ברענענדע שטראלען די פייכטע ערד.

א פריש לעבען האט מיט זיך מיטגעבראכט דער ליכטיגער פרילינג און אויפגעוועקט די הערצער פון יונג און אלט.

דערפאר זענען עס היינט געווען אזוי פיל מענשען אין די שטאט־פארקען,ביים ברעג פון ים און אין שאטען פון די געדיכטע בוימער פון וואלד.

„וואס פאר א הערליכער טאג היינט איז!“ האט ראזא גע־זאגט אויפהויבענדיג דעם קאפ מיט די טיפע בלויע אויגען, וועלכע האבען פול מיט ליבע געקוקט אויף זעליגמאנ׳ען.

„דער הערליכסטער טאג פונ׳ם גאנצען יאר...“ האט זעליג־מאן געענטפערט דריקענדיג פעסט ראזא׳ס האנט אונטער זיין ארים.

„יא, דער הערליכסטער טאג פונ׳ם גאנצען יאר“... האט ראזא צוגעגעבען.

זיי זענען געגאנגען מיט לאנגזאמע טריט איבער׳ן בולוואר, וועלכער איז געלעגען מיט דער לענג פונ׳ם ים. לאנגזאם איז ראזא מיד געווארען פון דעם לאנגען שפאציר און זיי האבען גענומען זו־כען א באנק זיך אוועקצוזעצען.

„ווי בין איך עס גליקליך, לעא, ווען איך זיץ ביי דיין זייט

און האלט דיין האנט אין מיינער״, האט ראזא געזאגט מיט א טיפען געפיל ווען זיי האבען זיך אוועקגעזעצט אונטער דעם שאטען פון א געדיכטען בוים אין אנ׳איינזאמען ווינקעל פון בולוואר.

זעליגמאן האט צארט געגלעט ראזא׳ס האנט.

„און ווי האב איך עס דיך ליב?!... האט זי ווייטער געזאגט קוקענדיג אים טיף אין די אויגען. בלויז דער איינער געדאנק ווע־גען מיין עלטער צושטערט אזוי אפט מיין טיפע פרייד — — —

זעליגמאן האט אויפגעהויבען דעם קאפ:

„האסט דאך מיר פארשפראכען, אז דו וועסט מער נישט דענ־קען דערוועגען״.

„אמת... איך האב עס דיר, און אויך מיר אליין, פארשפרא־כען און דאך איז עס מיר נישט מעגליך!... שטעל דיר פאר מיין געפיל ווען איך טראכט, אז איך בין מיט צעהן יאר עלטער פון דיר — — —״

א זיפץ האט זיך ארויסגעריסען פון ראזא׳ס ברוסט.

„ראזא!״

„ניין, ניין! איך וועל מער נישט טראכטען דערוועגען... דו האסט רעכט מיין טייערער, פארוואס האב איך נישט קיין רעכט צו געניסען פון לעבען דערפאר וואס איך בין צעהן יאר עלטער פון דיר?...

זיי האבען א ווײַלע געשוויגען.

„לעא, געדענקסטו לעצטען ווינטער, ווען דו ביסט צום ערש־

טען מאל געווען ביי מיר אין הויז ?... ווען דו זאלסט וויסען וואס פאר אנ׳אונרוה עס האט מיך באהערשט דעם אוונט, איך בין דאן די גאנצע נאכט נישט געשלאפען..."

זעליגמאן האט נישט אויפגעהערט צו גלעטען איר האנט.

„און די מאמע", האט זי ווייטער געזאגט, „באמערקענדיג מיין אונרוה האט מיך נישט אויפגעהערט צו פייניגען, אז איך זאל פא־רען קיין פאריז צו איר שוועסטער — —, שוין באלד אריבער א האלב יאר צייט..."

„און האסט נאך אלס די זעלבע געפילען צו מיר ווי דאמאלט, דעם ערשטען אוונט?..." האט ער שטיל געפרעגט.

ראזא האט נישט געענטפערט אויף דער דאזיגער פראגע. זי האט בלויז פעסטער געדרוקט זעליגמאנ׳ס האנט אין אירער און זיך מיט׳ן גאנצען קערפער א׳רען צו אים געטוליעט.

לאנג זענען זיי געזעסען און גערעדט וועגען די אוונטען פונ׳ם פארגאנגענעם ווינטער, וועגען די מוזיק־דיסקוסיעס, וואס זיי פלעגען אנפירען און אויך וועגען דער אונרוהיגקייט, וואס עס האט באהערשט איר מוטער ווען זי האט אנגעהויבען צו מערקען אז רא־זא׳ס געפילען זענען באהערשט געווארען פון א פרעמדען מאן —

— — —

אזוי זענען שנעל געשוואונדען די הערליכע טעג פונ׳ם בלי־הענדען פרילינג און אנגעפילט ראזא׳ס הארץ מיט א טיפער פרייד

און גליקליכע שעה'ן בעת זי האט געדענקט וועגען איר טיפער ליבע צו זעליגמאנ'ען... און ווען עס זענען געקומען די ערשטע טעג פון הערבסט, האט ראזא פלוצים אנגעהויבען פילען ווי עפעס א געהיימ־ניספולער אונרוה האט זיך שטיל אריינגעריסען אין איר ברוסט און דארט אזוי לאנג געגורעט ביז אין א טריבען רעגענדיגען פריהמאר־גען האט זי פלוצים דערשפירט ווי פון צייט צו צייט גיט איר אזוי א שארפע נאדעל א שטאך אין דער זייט ביי איר הארץ — — —

אירע הענט האבען פלוצים גענומען ציטערען און איר פנים איז באגאסען געווארען מיט א קאלטען שווייז.

„וואס זאל דאס דען באדייטען?" האט ראזא זיך אליין גע־פרעגט אין דער שטיל. אבער באלד האט זי זיך בארוהיגט מיט דעם געדאנק, אז דאס מוז זיין פון צופיל טראכטען... און אפשר גאר פון דער לעצטענס אנגעשטרענגטער ארבייט אין ביורא.

זי האט ביי זיך באשלאסען צו בלייבען אין דערהיים א טאג אדער צוויי און זיך אפרוהען פון דער ארבייט.

פרוי שומאן, ראזא'ס הייסע און איבערגעגעבענע מוטער האט זייט דעם דאזיגען טאג שוין גישט געקענט איינרוהען. זי האט אנ־געהויבען פייניגען איר טאכטער, אז מען זאל רופען א דאקטאר, דאס ער זאל אונטערזוכען איר הארץ, אבער ראזא האט דאס בשום אופן נישט געוואלט און ערקלערט, אז דאס מוז זיין פון אנגעשטרענג־טער ארבייט אין ביורא און, אז נאך דעם ווי זי וועט זיך אויסרוהען א צוויי־דריי טעג, וועט שוין זיכער אלעס פון זיך אליין אוועק.

ו.

ווען זעליגמאַן איז אויף צומאָרגענס אוועקגעפאָרן אויף דער אַרבעט, האָט זיך ראָזאַ אויפגעהויבן און איז אַריין צו די שור־מאַנ׳ס אין הויז, האָט ער ראָזאַ׳ן געפונען ליגען אויפ׳ן דיוואַן. איר קאָפּ איז געלעגען אויף אַ ווייס קישען און איר פּנים איז געווען בלייך . . .

דערזעהענדיג זעליגמאַנ׳ען, האָט זיך ראָזאַ גענומען אַנשטרענ־גען און מיט אַלע כּחות געוואָלט אַרויסווייזען, אַז איר פעהלט קיין שום זאַך נישט; אַז דאָס איז נאָר בלויז פון אַנשטרענגונג... און כאָטש זי האָט זיך שטאַרק באַמיהט צו שמייכלען, האָט פון אירע בלאַסע אויגען אַרויסגעשיינט אַ טיפער אינערער וועהטאָג.

נאָך אַ לאַנגען איבערלעגען זיך מיט פרוי שומאַן האָט זעליג־מאַן באַשלאָסען, אָהן ראָזאַ׳ס וויסען, צו שיקען נאָך אַ דאָקטאָר, וועלכער זאָל זי אונטערזוכען און זעהן וואָס איר פעהלט.

אין צווישענצייט האָט ראָזאַ גענומען אויפשטעהן. זי האָט זיך אָנגעטון אין אַ לייכטען מאָרגען־מאַנטעל, גלייך געמאַכט דעם קאָפּ און מיט וואַקלענדע טריט גענומען אַרומגעהן איבער׳ן צימער. שוין ביי די ערשטע שריט, האָט זי גענומען מערקען ווי עס דרעהט איר אין קאָפּ און ווי אונזיכער זי שטעהט אויף די פיס. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און אַריינגעקוקט אין דעם טואַלעט־שפּיגעל.

אַ שוידער איז איר אַריבער איבער׳ן לייב ווען זי האָט דער־

זעהן אין שפיגעל איר בלאסעס פנים מיט די טיפע שטריכען, וועל־כע האבען זיך איינגעקריצט אונטער אירע מאטע אויגען: וואס אזעל־כעס איז עס מיט איר געשעהן?... איז זי טאקי קראנק?... ערשט איצט, דערזעהענדיג איר קרענקליכען פנים מיט די מאטע אויגען אינ׳ם שפיגעל, האט ראזא פלוצים אנגעהויבען פילען א וועהטאג אין ברוסט און אין קאפ האבען אנגעהויבען ארויסשווימען אונרוהי־גע געדאנקען — — — דער איינציגער געדאנק וואס עס האט זי אמשטארקסטען געפייניגט איז געווען — ע ר, לעא! ווי אזוי וועט זיך איצט לעא באציהען צו איר, ווען זי זאל ערנסט קראנק ווערען?... וועט ער זי אויך איצט ליב האבען אזוי ווי פריהער?... וועט ער אויך איצט האלטען איר האנט אין זיינער און זי גלעטען אזוי צערט־ליך ווי פריהער! ווי אין פרילינג? — — —

זי פילט ווי א קאלטער שוייס צוגיסט זיך איבער איר קער־פער און אירע הענט נעהמען ציטערע׳ן נאך שטארקער און פיבער־האפטער.

ניין, זי וועט מער נישט טראכטען דערוועגען — — — זי טאר איבערהויפט נישט אזוי פיל טראכטען... זי קאן דאס מער נישט דערטראגען... נארישקייטען... זי איז בלויז אביסעל אנגע־שטרענגט און נערוועאיש. זי וועט זיך ליבער אביסעל איבערגעהן אויף דער לופט. זי וועט בעטען לעא׳ען זי באגלייטען. אויף דער לופט וועט זי זיך זיכער בעסער פילען — — —

לעא איז אריין צו איר אין צימער און איז שטעהן געבליבען

אנ׳איבערראשטער זעהענדיג אז זי איז אויפגעשטאנען. זיי האבען זיך א ווײלע אנגעקוקט מיט שטומע בליקען...

„זיי רוהיג לעא, איך פיל מיך שוין בעסער...״ האט זי גע־זאגט צוגעהענדיג צו אים מיט וואקלענדע טריט. „דו גלויבסט דאך מסתמא נישט, אז איך בין טאקי אויף אנ׳אמת קראנק געווארען?... האט זי צוגעגעבען מיט א שמייכעל ארויפלעגענדיג איר האנט אויף זיין אקסעל.

ער האט געוואלט עפעס זאגען, זי האט אים אבער גלייך אי־בערגעריסען:

״איך האב דיך געוואלט בעטען, אז דו זאלסט זיך מיט מיר אביסעל איבערגעהן אין פארק אריין... איך פיל, אז אויף דער לופט וועל איך מיך פילען בעסער ווי דא אין הויז.

„ניין, ראזא. דו זאלסט ליבער בלייבען אין דערהיים און זיך לעגען אין בעט אריין״, האט זעליגמאן געזאגט מיט א געריהרטער שטימע. ער האט זי א ווײלע באטראכט און דאן צוגעגעבען: „דו זעהסט אויס אזוי שוואך און בלייך... איך האב געשיקט נאכ׳ן דאקטאר...״

ראזא האט גענומען פראטעסטירען און געזאגט, אז זי וויל בשום אופן נישט האבען קיין דאקטאר. זי איז נישט קראנק און איר פעהלט בכלל גארנישט א חוץ זי איז אביסעל אנגעשטרענגט און מוז זיך אפרוהען פון דער ארבייט אין ביורא... קיין דאקטאר אבער וויל זי נישט האבען.

פרוי שומאן איז אריין און געזאגט, אז דער דאקטאר איז שוין דא.

ראזא איז שטעהן געבליבען אנ׳ערשטוינטע און איר פנים איז געווארען בלאס ווי מען וואלט איר אנזאגען דעם טויט — —

מיט שווערער מיה איז עס געלונגען דער מוטער מיט זעליג־מאנ׳ען זי איבערצורעדען, אז זי זאל זיך צוריק אנידערלעגען און זיך לאזען אונטערזוכען.

בעת דער דאקטאר האט געפילט איר פולס און זיך איינגע־הערט צו דאס אטעמען פון אירע לונגען, האבען אירע אויגען זיך אנגעצונדען מיט א פאלש־ברענענדען פלאם און אירע בלאסע בא־קען האבען זיך גענומען רויטלען פאר אויפרעגונג און שפאנונג...

„גלויבט איר מיט אנ׳אמת, הער דאקטאר, אז איך בין קראנק?״ האט זיך ארויסגעריסען ביי ראזא׳ן געגען איר ווילען.

דער דאקטאר האט א ווײלע געשוויגען, נאר זעהענדיג ווי ראזא׳ס אויגען האלטען פעסט זיין בליק און פארפאלגען זיין יעדע באוועגונג, האט ער ווידער גענומען איר האנט אין זיינער, געפילט א ווײלע דעם פולס און דאן ערשט געזאגט אין א רוהיגען טאן:

„— — — — די ערשטע צוויי וואכען וועט איר, מיין טייע־רעס מעדעל, מוזען ליגען בלייבען אין בעט!... צו שרעקען איז זיך נישטא וואס... די הויפט זאך: איר מוזט זיך פארהאלטען אזוי רוהיג ווי מעגליך און אויסמיידען יעדע אויפרעגונג...״

א מאדנע צוטומלונג איז פלוצים אריינגעטרעטען צווישען די

צוויי מענשען. ראזא האט מיט א שטארקען בליק געקוקט אויף איר פארצווייפעלטער מוטער, וועלכע איז געשטאנען און א פארגאפטע געקוקט אויף דעם דאקטאר׳ס קאלטבלוטיגקייט.

זעליגמאן איז געזעסען אין צווייטען צימער און געווארט ביז דער דאקטאר וועט זיין פארטיג מיט דער אונטערזוכונג. ווען דער דאקטאר איז ארויס פון ראזא׳ס צימער, איז זעליגמאן גלייך אויפ־געשפרונגען, איז צו אים צוגעגאנגען און מיט גרויס אונגעדולט גע־פרעגט:

„וואס איז עס אזעלכעס, דאקטאר?"

דער דאקטאר האט זיך אומגעקוקט און געזעהן צו די טיר פון ראזא׳ס צימער איז פארמאכט און דאן האט ער אין דער שטיל געזאגט צו זעליגמאנ׳ען:

„איר מוזט זיין פארזיכטיג מיט איר... איר הארץ איז זער שוואך, זי מוז פארלויפיג בלייבען אין בעט — — — איך וועל זי נאך אמאל אונטערזוכען אין צוויי טעג ארום... טאמער וועט אריינטרעטען אנ׳ענדערונג צום שלעכטען אין פארלויף פון מאר־גענדיגען טאג, דאן רופט מיך גלייך — — — —"

ז.

אין דרויסען האט געהערשט א טריבער הערבסט־וועטער. די ביימער האבען אנגעהויבען צו וועלקען.

יעדען טאג איז די זון אויפגעשטאנען א מאטע און זיך שטארק אנגעשטרענגט כדי דורכצוברעכען די טונקעלע וואלקענס, וואס האבען זיך מאסענווייז געצויגען איבער׳ן שטאט און בלויז פון צייט צו צייט איז עס איר געלונגען אויסצושפרייטען אירע גאלדענע שטראלען וועלכע האבען זיך מיט א מילדער ווארימקייט אפגעשפיגעלט אין דער קאלטער ערד און דערמאנט אינ׳ם פארגאנגענעם זומער.

ראזא איז געלעגען אויפ׳ן דיוואן, וועלכער איז געווען שטארק אויסגעבעט מיט א סך ווייסע קישענס און דעקען און וועלכער איז אוועקגעשטעלט געווארען נעבען גרויסען פענסטער כדי זי זאל קענען ארויסקוקען אויפ׳ן גאס.

אויפ׳ן דאזיגען דיוואן־בעט איז זי אפגעלעגען די לעצטע דריי וואכען א נידערגעשלאגענע און א פארצווייפעלטע דערפאר וואס דער דאקטאר האט איר, ביי זיין צווייטען באזוך, פארבאטען אויפצושטעהן פון בעט.

נישט קוקענדיג דערויף וואס דער דאקטאר האט איר נישט דייטליך ערקלערט וואס איר פעהלט, האט זי דאך פארשטאנען, איר לאגע איז א זער שלעכטע און. אז יעדער טאג קען מיט זיך ברענגען נייע איבעראשונגען אין איר לעבען — — —

בלויז איין גוטען טרייסט האט זי געהאט וועגען וועלכען זי האט נישט אויפגעהערט צו טראכטען: לעא! איר ברוסט האט זיך גענומען באוועגען העכער און די שלעפען האבען גענומען קלאפען שטארקער, ווען זי האט גענומען טראכטען וועגען אים, דעם איינ־

ציגסטען מענשען, וועלכען זי האט אין איר גאנצען לעבען ליב גע־
האט מיט די ווארימסטע געפילען, וואס א פרוי קאן נאר ל ב האבען א
מאן... א ליכטיג־שטראלענדע זון איז פאר איר אויפגעגאנגען אויפ'ן
קלארען, בלויען, הימעל, דעם טאג ווען זי האט דערפילט ווי שטארק
זי ליבט עס דעם דאזיגען מענשען. ווי מערקווערדיג דאס לעבען
איז... אייגענטליך האט זי דאך אין אירע ערשטע מעדעל־יארען
געקענט א סך יונגע לייט; איינעם, אדער גאר צוויי, פון זיי אלעמען
אויך שטארק גערען געהאט, דאך האט זי צו קיין מענשען פריהער
נישט געפילט אזעלכע ווארימע געפילען, אזא הייסע, איבערגעגע־
בענע ליבע ווי צו לעא'ען — — —

זי האט געפרובט זיך צו ערקלערען דעם דאזיגען רעטזעל,
האט אבער נישט געקענט געפינען קיין איינציגען בינדענדען גע־
דאנק ווי אזוי דאס ענטוויקעלט זיך און ווי אזוי דאס קאן מעגליך
זיין... פאר איר איז בלויז קלאר געווען דער געדאנק, אז פאר אים
וואלט זי געקענט לעבען און שטארבען — בלויז פאר אים און נישט
פאר קיין אנדערען — — —

און ווי גליקליך האט זי זיך געפילט ווען ער איז געזעסען
נעבען איר און געגלעט איר בלאסע האנט, זי געטרייסט מיט ווארי־
מע ווערטער און אליין געווען באטריבט איבער איר צושטאנד...
מיט ווארימע קושען האט זי באדעקט זיינע הענט ווען ער פלעגט
איר דערלאנגען א גלאז וואסער, אדער איר געהאלפען איינעהמען
די מעדיצין... אזא טיפע פרייד און דאנקבארקייט האט זי נאך אין

איר גאנצען לעבען נישט געפילט... יא, איר מוטער, איר אלטע גו־טע מוטער, וועלכע איז יעדען אויגענבליק בארייט געווען זיך פאר איר צו אפּערען, וואס פאר א באדייטונג האט זי איצט געהאט פאר איר?... גארנישט!... אזוי ווי א בלאסער שאטען האט זי איצט אויסגעזעהן אין אירע אויגען אנטקעגען אים, לעא — — — וואס בע־סער און ליבער איר מוטער האט זי באהאנדעלט, אלס גלייכגילטי־גער האט זי זיך צו איר באצויגען... אפּט מאל, אפילו קיין דאנק נישט געזאגט פאר דער גוטסקייט און מיטגעפיל, וואס די אלטע, לי־בע, מוטער האט איר ארויסגעוויזען... דאגעגען האט זיך איר הארץ אנגעפילט מיט א טיפער פרייד, ווען זי האט בלויז דערהערט לעא׳ס קלינג אין טיר, כאטש זי האט געוואוסט, אז ער וועט זי שטרענג אויסשטראפען דערפאר, וואס זי האט נישט פונקטליך איינגענומען די מעדיצין, אבער דערפאר, וואס זי האט נישט ריכטיג אויסגעפירט דעם דאקטאר׳ס פארשריפטען צו ליגען רוהיג און זיך נישט אויפ־צורעגען...

אך, גאט! ווי האפט זי שוין אויף דעם טאג, ווען זי זאל קע־נען אויפשטעהן און ווידער געהן ביי זיין זייט אין די טונקעלע אלעע׳ן פון ברעג ים. — — —

ח.

די לעצטע עטליכע טעג איז אריינגעטרעטען א שטיקעל בע־

ספרונג אין ראזא׳ס געזונט־צושטאנד... די בעסע־ונג איז אבער געווען פון דעם מין ווי די זון אין א טריבען הערבסט־טאג — טוט א ווײלע א שמייכעל מיט די בלאס־רויטע שטראלען... אבער בלויז איין ווײלע, ווייל באלד קומט א פינסטערע כמארע, טונקעל־גרויע וואלקענס און פארדעקען דעם פאלשען שמייכעל פון דער הערבסט־זון און א שוידער לויפט אריבער איבער׳ן לייב: — ס׳איז הערבסט!...

לאנגזאם האט ראזא גענומען ארומגעהן איבער׳ן שטוב.

פרוי שומאן, די איבערגעגעבענע אלטע מוטער, האט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט נאכגעפאלגט ראזא׳ס יעדען שריט און איר הארץ האט זיך אנגעפילט מיט די ווארימסטע געפילען און ליבע צו איר איינציגער טאכטער, וועלכע איז, גאט צו דאנקען, ווי־דער געקומען אויף די פיס...

בלויז זעליגמאן איז כסדר ארומגעגאנגען מיט א געבויגענעם קאפ און אויסגעמיטען ראזא׳ס בליקען פון וועלכע עס האט ארויס־געשיינט אזא מין פארגליווערטע קאלטקייט, אזא פאלשער שיין, וועלכער האט אויף אים אנגעווארפען א מורא און א שוידער ווען ער האט געטראכט דערוועגען — — —

פארנאכט־צו איז דער הימעל געווארען קלאר און טיף און דערמאנט אין די שענע ליכטיגע פרילינגס־טעג.

ראזא האט זיך גענומען פרעהען מיט׳ן ליכטיגען און שענעם וועטער און זיך אוועקגעזעצט אין א טיפען לעהן־שטול ביים פענס־טער און געבעטען זעליגמאנ׳ען זיך אוועקזעצען נעבען איר.

„לעא!" האט ראזא געזאגט מיט א שוואכער שטימע.

„יא, מיין טייערע".

„ווען איך זעה דאס קלארע וועטער און ווי די זון לאזט זיך לאנגזאם ארונטער אזא פייערדיג־רויטע, דערמאן איך מיך אין די הערליכע זומער־פארנאכטען..."

„און אין די שפאציר־גענג אויף דער „לאנגער־ליניע", ביים ברעג ים, האט זעליגמאן צוגעגעבען.

ראזא האט זיך צוגעריקט נעהנטער צו זעליגמאנ'ען און גע־מורמעלט ביי זיין זייט:

„אך, וואס פאר א הערליכער זומער דאס איז געווען! — — לעא... זאל איך דיר דערצעלען וועגען וואס איך האב היינט ביי נאכט אזוי שטארק ארומגעטראכט?..."

זעליגמאן האט זי אנגעקוקט מיט נייגעריגע בליקען:

„וועגען וואס, מיין קינד?"

ראזא האט זיך געטוליעט צו זעליגמאנ'ען: „איך האב גע־טראכט, אז אזוי גלייך ווי איך וויל איינגאנצען געזונט ווערען, זא־לען מיר ביידע אוועקפארען קיין פאריז אדער גאר קיין איטאליען.. מיר ביידע, גאנץ אליין... א יא, דו וועסט מיטפארען?..."

זעליגמאן האט געגלעט איר קאפ און איר פארשפראכען מיט־צופארען...

אין שטוב איז געווארען טונקעל. די רויטקייט, וואס איז גע־

ווען אויסגעגאסען אויפ׳ן הימעל, איז פון מינוט צו מינוט געווארען בלאסער און שוואכער. דאס איז געווען א הערליכער בין השמשות פון א שענעם הערבסט־טאג.

ראזא איז געלעגען מיט איר קאפ אנגעלעגט אויף זעליגמאנ׳ס ברוסט, זיך צו אים געטוליעט מיט אזא מאדנער, ליבער ווארימקייט און איר שוואכע ברוסט האט זיך לאנגזאם באוואויגען. זעליגמאן האט איצט דייטליך געהערט דאס לאנגזאמע קלאפען פון ראזא׳ס הארץ — — —

א טיפע שטילקייט האט געהערשט ארום די צוויי מענשען, וועלכע זענען געזעסען איינגעטוליעט איינער אין צווייטען נעבען פענסטער אין וועלכען עס האבען זיך נאך געזעהן די לעצטע שטראַלען פון דער אונטערגעהענדער זון...

מיט אמאל האט ראזא א הוסט געטון און איבערגעריסען די שטילקייט. זעליגמאן דערהערנדיג דעם טריקענעם הוסט, וואס האט זיך ארויסגעריסען פון ראזא׳ס ברוסט מיט אזא פאלשען און מאטען אפקלאנג, איז פאר שרעק אויפגעשפרונגען.

„ראזא!“ האט ער א דערשראקענער אויסגערופען.

ראזא איז געלעגען ווי באוואוסטלאז אין דעם טיפען לעהן־שטוהל און אויסגעשטעלט אירע צוויי פארגלאצטע אויגען אויף זע־ליגמאנ׳ען, וועלכער איז געשטאנען ביי איר זייט.

„וואס איז געשעהן מיט דיר, ראזא?!“ האט זעליגמאן זי גע־פרעגט איבערבייגענדיג זיך איבער ראזא׳ס בלאסען פנים.

ראזא האט געזוכט צו באוועגען מיט אירע קרענקליכע, בלא־סע ליפען, האט אבער נישט געהאט אזוי פיל כוח כדי זיי צו קענען באוועגען.

זעליגמאן איז געבליבען אויסער זיך פאר שרעק און פאר־צווייפלונג. ער האט א כאפ געטון געטון ראזא׳ן אויף די הענט און זי ארייגעטראגען אין צווייטען צימער און אוועקגעלעגט זי אויף דער סאפא.

א צוטומעלטע איז ארייגעלאפען פרוי שומאן און זיך א ווארף געטון אויף איר מאכטער׳ס האלז און שטיקענדיג זיך מיט די טרעה־רען, וועלכע זענען פארשטיינערט געווארען אין האלז, האט זי כסדר גערופען:

„ראזא, מיין איינציגער טרייסט אין לעבען!" — — —

ראזא האט זיך שוואך באוואויגען. זי האט אויפגעעפענט אירע מאטע אויגען און זעהענדיג זעליגמאנ׳ען געבען זיך, האט זי אויס־געשטרעקט אירע ארימס און קוים אויסגעמורמעלט:

ל - ע - א ! — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

אויפ׳ן מערב־ראנד פון הימעל האט זיך פארלאשען דער לעצ־טער שטראל פון דער אונטערגעהענדער זון.

# אייפערזוכט.

צוויי בריף צו א פריינדין.

.1

23 יוני.

טייערע פריינדין,

זייט נישט אויפגעבראכט דערפאר, וואס איך ערלויב מיר אייך צו שרייבען עטליכע שורות פון מיין איינזאמקייט. איך האב מיך לאנג געשלאגען מיט דער דעה צו איך זאל עס טון; צו איך זאל פאר אייך ווירקליך דערצעלען וועגען מיין איינזאמען לעבען דא ביים ברעג פון ים? — איך ווייס, אז ביי קיין אנדערען מענשען ווי ביי אייך, וועלען מיינע ווערטער געפינען אזא גוטען אפקלאנג, קיינער וועט מיך אזוי גוט נישט פארשטעהן ווי איר. דא האנדעלט זיך נישט אין קיין טיף־דרינגענדע פראבלעמען, נאר אין א גאנץ אפארטער איבערלעבעניש, פון וועלכער אנ׳אנדערער וואלט איבער־הויפט נישט גערעדט... פאר מיר האט דאס אבער א גאנץ באזונ־דערע באדייטונג און דערוועקט אין מיר א ים מיט אזעלכע טייערע

זכרונות... דאס, וועגען וועלכען איך וועל אייך דא דערצעהלען דערמאנט מיך אזוי שטארק אין דאס צוזאמענזיין מיט אייך... און אויך דערפאר, וואס איך ווייס, אז איר וועט מיך פארשטעהן, בע־סער ווי יעדער אנדערער — — — דערום שיק איך עס די דאזיגע שורות צו אייך, ליבע פריינדין, און בין גליקליך מיט דעם געדאנק, אז איר וועט זיי אויפנעהמען מיט אביסעל אויפמערקזאמקייט — — .

נאך עטליכע ווערטער:

איידער איר נעהמט זיך לעזען דעם דאזיגען בריף, פארגעסט וואס איך בין אמאל געווען פאר אייך און איר פאר מיר... דענקט וועגען מיר ווי וועגען א גוטען פריינד, א חבר, וועלכער זוכט איצט ביי אייך אנ'אויסטויש פון געדאנקען — איך זוך אין אייך איצט א גוטען פארשטענדיגען לעזער פאר מיינע אויפגעשריבענע איבער־לעבונגען און האף, אז מיינע ווערטער וועלען געפינען אנ'אפקלאנג אין אייער נשמה — — —

דערפאר מוזט איר מיר צוזאגען אז איר וועט פארגעסען וואס צווישען אונז איז אמאל געווען... פארגעסט אויך דעם לעצטען אווענט, ווען איך האב פארלאזען די שטאט... מעקט אויס פון איי־ער זכרון דעם דאזיגען אפשידס־אווענט! ווייל גלויבט מיר, מיין טייערע, אז איך האב דערפון גענוג געליטען, אפשר נאך מער ווי נויטיג — — אין דעם אויגענבליק ווען איר זייט געשטאנען מיט דעם שענעם בוקעט נילקעס ביים ווינקעל פון וואקזאל און די טרע־רען האבען זיך געקייקעלט פון אייערע באקען — א, גלויבט מיר,

מיין טייערע, אז דאס האט מיך שרעקליך געפייניגט... דאך האב איך אנדערש נישט געקענט האנדלען... מיין האנדלונג איז געווען מיין אייגענע נקמה, אין מיר און אין אייך, מיין פראטעסט געגען די שרעקליכע ליידען וואס מיר האבען זיך געגענזייטיג פארשאפט... איצט מוזט איר דאס דורכאויס פארגעסען ווייל איך וויל אזוי גערען אז מיינע ווערטער זאלען פאר אייך זיין פארשטענדליך און געפי־נען דעם ריכטיגען פלאץ אין אייער איידעלען הארץ...

— — — — — — — — — — — — — — —

דא איז אזוי שטיל און רוהיג ביים ברעג פון דעם בלויען „קאטיגאט“.

פאר די לעצטע עטליכע טעג האט די זון אונאויפהער'ליך גע־געברענט און ביז שפעט ביי נאכט האט זיך די מערב־זייט און דער בלויער ים געבאדען אין דעם רויטען זונ'ען־בלוט.

איך רוף דאס ארט „איינזאמקייט“ נישט דערפאר ווייל איך געפין מיך דא אינגאנצען אפגעשיידט פון מענשען און אפגעשניטען פון דער וועלט — נאר דערפאר וואס מיין קראנקע נשמה האט דא א צייט לאנג געפונען רוה... און כאטש ארום מיר באוועגען זיך מענשען, הונדערטער פארש'ידענע מענשען, האב איך דאך דאס גע־פיל, אז איך בין אליין, מיט מיר אליין, גאנץ אליין — — —

ערשט נעכטען איז עפעס וואס געשעהן, וואס האט מיך אריינגעבראכט אין א שטיקעל אונרוה... איך בין אליין נישט קלאר איבער דעם געשעהענעם... איך וויים נאר, דאס זייט נעכטען איז

ווידער געקומען אנ׳אונריוה איבער מיין מנוחה׳דיגען לעבען ביי דעם שטילען ברעג פון ים... און שטעלט זיך פאר, מיין טייערע, אז גראדע נעכטען האב איך אזוי שטארק געטראכט וועגען אייך... איך בעט אייך, פריינדין, דאס איר זאלט מיר גלויבען וואס איך זאג אייך דא: נעכטען האב איך צום ערשטען מאל פאר דער לעצטער צייט שטארק געבענקט נאך אייך, און געהאט דעם געפיל צו ווען אייך זיין נאהענט, אזוי נאהענט — — —

ווארום?

פרעגט נישט! אזעלכע געפילען קומען אפט מאל צום מענשען אהנע צו קענען זיך אפגעבען וועלכע עס איז ערקלערונג.

לאמיך אייך בעסער דערצעלען, וואס אזעלכעס עס איז דא נעכטען פארגעקומען מיט מיר און ארום מיר, אפשר וועט איר מיך דאן בעסער פארשטעהן...

— — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האב מיך אומגעקערט פון א לענגערען שפאציר, האט מיך ביים הויז באגעגענט מיין בעל הבית ביי וועלכען איך וואוין, דער סימפאטישער דאקטאר בערנארד, און זיך צו מיר גע־ווענדעט מיט א שמייכעל ארויפלעגענדיג דערביי זיין האנט אויף מיין אקסעל:

„הערט, איר פאר׳מרה שחורה׳דיגער בחור, מיר ווילען אייך בעטען, דאס איר זאלט היינט אווענט מיטהאלטען מיט אונז קאפע, ארט אונטען, אויף דער טעראסע ביים ים, פארשטאנען?...“

איבערראשט פון דער פלוצלינגדיגער איינלאדונג, האב איך אים א ווײלע ערשטוינט אנגעקוקט.

„וואס קוקט איר עס אויף מיר ווי מיך אויפצועסען? .. מען קאן דאך אייך נאך אמאל איינלאדען צו טרינקען א טאס קאפע? דער טײוועל וועט אייך דאך דערפאר נישט צונעהמען... איך האב אבער גלייך געזאגט צו מיין טאכטער: דו וועסט זעהן, דער דאזי־גער שלמה זלמניק קען נאך אמאל מורא האבען, אז נעבען אונז וועט אים דער טײוועל צונעהמען!... נו, הערט זשע אויף צו מאכען אזא זויער פנים. געהט אריין און וואשט זיך ארום, בערשט זיך אפ פון שטויב און לעגט זיך אפיסעל צו אויפ׳ן דיוואן. ווען ליזע וועט פארטיג ווערען מיט דער קאפע, וועל איך אייך רופען, א יא, א גוטער איינפאל געווען?..." האט דאקטאר בערנארד געשמיי־כעלט ווי ער וואלט זיך מיט מיר רייצען ווי מיט א קליין קינד.

איך האב די איינלאדונג גענומען צוריקווייזען. איך האב אים געגעבען צו פארשטעהן אז איך בין מיד און בין נישט פארברייטעט צו קיין געזעלשאפט. דאס האט אבער ווייניג וואס געהאלפען.

דאקטאר בערנארד איז געבליבען ביי דאס זייניגע. ער האט כסדר איבערגע׳חזר׳ט זיין עצה, אז איך זאל מיך אביסעל צולעגען אויפ׳ן דיוואן וועט די מידקייט שוין אריבער און אז דער טײוועל וועט מיר זיכער נישט צונעהמען — — —

ווען איך בין שפעטער געלעגען אין אזא זיסען, דרימלענדען קאשמאר, האב איך דערהערט א קלאפ אין טיר. איך בין גלייך

אויפגעשפרונגען און געהייסען אריינגעהן. אין טיר האט זיך באווי־
זען מיין בעל הבית מיט זיין געוועהנליכען שמייכעל אויף די ליפען:

„נו, איצט האט איר זיך שוין זיכער גוט אויסגערוהט, טא
קומט זשע מיט ארונטער טרינקען קאפע און זייט א מענש מיט מענ־
שען גלייך!...“ איך האב געוואלט מאכען עפעס א באמערקונג
אבער דאקטאר בערנארד האט מיר באצייטענס איבערגעריסען די
רייד:

„איך ווייס שוין אלע אייערע באבע־מעשיות: נישט פארברייי־
טעט, נישט אויפגעלעגט!... מיר ווייסען שוין!... דאס וועט זיך
אייך אבער מער נישט איינגעבען. קומט און געניסט מיט אונז צו־
זאמען פון דער הערליכקייט פון אזא שענעם זומער־אווענט!

איך האב מיר נאך א ווילע געקווענקעלט און צום סוף גע־
מוזט נאכגעבען. איך האב פארשפראכען גלייך קומען.

ווען איך בין שפעטער ארונטערגעקומען אויף דער טעראסע
האבען מיך ביידע, דאקטאר בערנארד און זיין טאכטער, ווארים בא־
גריסט און ביידע האבען זיי זיך איבער מיר געוויצעלט, אז עס
וואלט שוין צייט געווען דאס איך זאל אנהויבען ווערען אביסעל
מער מענש... פריילין ליזע האט מיט א שמייכעל צוגעגעבען:

„אזא יונגער מענש און שוין אזא מרה שחורה׳ניק...“

די זון איז שוין לאנג געווען געזונקען. דער הימעל האט נאך
אבער געברענט און צוגאסען א רויטקייט וואס האט זיך אזוי מאיס־

טעטיש גע׳חנ׳דעלט מיט די לייכט־באוועגענדע כוואליעס פון דער ים־אויבערפלעכע.

אך, ליבע פריינדין, דא האט אין דעם מאמענט געהערשט די הערליכקייט פון דעם שענעם בין השמשות, וואס טראגט אין זיך באהאלטען אזוי פיל געהיימניספולער שעהנקייט!...

די ים־פייגעל זענען ארומגעפלויגען אין א ווילדען וויוואר, ווי אויך זיי וואלטען זיך פרייהען מיט דער הערליכקייט פונ׳ם אווענט, וואס האט געהערשטביים ברעג פון ים אפילו די דאזיגע ווילדע ים־פויגעל האבען מיט זייער טומעל איבערגעגעבען עפעס א געהיימען סוד דער וועלט — — — א צוציהענדער רייץ איז געלעגען אויס־געגאסען איבער דעם שטילען ים־ברעג, און מיר, וועלכע זענען גע־זעסען ביי זיינע פיס, זענען מיטגעריסען געווארען פון זיינע געהיימ־ניספולע סודות — — —

דעם דאקטאר בערנארד האט זיך שטארק געוואלט פלוידערן, דאך איז ער ביי דעם קאפע־טרינקען געזעסען א פארטראכטער, מיטגעריסען פון דעם געהיימניספולען שלייער וואס איז געווען אי־בערגעצויגען איבער דער גאנצער ארומיגער סביבה. נאך פיל מיט־געריסענער איז פון דעם בין השמשות געווען די שענע יונגע ליזע, וועלכע איז געזעסען אין איר טיפען שטול, אנגעשפארט איר שענעם קאפ אויף דער איידעלער שלאנקער האנד און אירע ליכטיגע אויגען נישט אזועקגענומען פון דעם ארט, וואו הימעל און ים האבען זיך צונויפגעגאסען — — —

ווען איך האב באטראכט ליזע׳ן אין איר איצטיגער שטעלונג, האט זיך מיר אויסגעוויזען ווי א יונגער שענער מלאך איז פון דעם בין השמשות־הימעל נישט באמערקענדיג אראפגעשוואומען איבער די שטילע כוואליעס פון ים און זיך אויף א ווײלע אזוי געמיטליך אריינגעזעצט אין דעם טיפען לעהן־שטול און זיך פארטראכט וועגען איר הימעלישער הערשאפט — — —

„וועגען וואס טראכט איר עס אזוי, איר יונגער זארגלאזער פויגעל?“ האט זיך ביי מיר פלוצים ארויסגעריסען איבעררייסענדיג די שטילקייט וואס האט אונז אלעמען באהערשט. איך האב מיך באלד באהערשט און זיך צוריקגעהאלטען כדי נישט ארויסצואווייזען מיין גרויסע באגייסטערונג פאר ליזע׳ס רייצענדען אויסזען.

מיין פראגע האט זי איבעראשט און איבערגעריסען איר שענעם חלום.

ניין, זי טראכט וועגען גארנישט... וועגען וואס אזעלכעס האט זי עס צו טראכטען?... אזוי יונג און אזוי זארגלאז, „כמעט נאך א קינד“ זאגט דער טאטע...

אויף אירע ליפען צוגיסט זיך אזא זיסער שמייכעל, וואס איז געריכטעט צו דאקטאר בערנארד, וועלכער קוקט מיט א טיפער ליב־שאפט אויף זיין טאכטער — — —

ליבע פריינדין, שמייכעלט נישט איראניש, ווען איר לעזט די שענע ווערטער און אויסדרוקע מיט וועלכע איך באשרייב אייך

דאקטאר בערנארד׳ס טאכטער! איך ווייס דאס איר וועט דענקען, אז איך שרייב וועגען ליזע׳ן ווי א פארליבטער... גלויבט מיר אז דאס איז נישט דער פאל... ליזע איז אין מיינע אויגען נישט מער ווי א שען, ליב קינד, מיט וועלכען עס איז אזוי גוט זיך צו שפילען אין א שענעם פארנאכט ביים ברעג פון ים — — — איך כאפ אפט מאל א טיפען בליק אין אירע שענע אויגען און באוואונדער דעם בלויען הימעל, וואס איך זעה אין זיי — — — יא, איינמאל אנ׳אווענט, בין איך אהיימגעקומען פון א לאנגען שפאציר, איז זי צופעליג, פאר־בייגענדיג, מיר ארייגעפאלען אין די ארימס און איך האב דערפילט איר הייסען אטעם אויף מיין פנים און א ציטער איז איבער מיין לייב אריבער — — — אבער ווי געזאגט, איז דאס געווען א גאנץ איינפאכער צופאל — — —

נאך איידער מיר זענען פארטיג געווארען מיט׳ן טרינקען קא־פע, שפרינגט דאקטאר בערנארד אויף פון זיין ארט און רופט אויס מיט איבערראשונג: „זעהט, זעהט! א שיפעל לאזט זיך דא אהער, אודאי, פרעמדע מענשען!... מיר זענען אלע אויפגעשפרונגען פון טיש און זיך אוועקגעשטעלט באטראכטענדיג נייגעריג א קליין, ווייס שיפעל, וואס איז לאנגזאם געשווומען אין אונזער ריכטונג צום ברעג צו. אין א ווייילע ארום האט דאס שיפעל דערגרייכט דעם ברעג ים, נישט ווייט פון אונזער טערראסע, און פון דארט איז ארויס א הויכער שלאנקער יונגערמאן אין דער באגלייטונג פון א יונגער מיי־דעל. ביידע געקליידעט אין ווייס.

דאקטאר בערנארד און זיין טאכטער, האבען אין די צוויי אנ־געקומענע יונגע מענשען גלייך דערקענט זייערע באקאנטע. דאס איז געווען א יונגער מאהלער און זיין פריינדין. שפעטער בין איך אויך געוואר געווארען, אז דער יונגערמאן הייסט הערמאן און אז ער פלעגט זיך אמאל דא גאנץ אפט אויפהאלטען ביי דאקטאר בער־נארד וואו ער האט געמאלען עטליכע לאנדשאפטען פון דער ארומי־גער געגענד.

די צוויי אנגעקומענע געסט זענען איינגעלאדען געווארען צו קאפע און באלד זענען מיר ווידער אמאל געזעסען אויף דער טערא־סע ארום דעם, מיט פרישע דופטענדע בלומען, דעקארירטען טיש און נאך אמאל געטרונקען קאפע און געמיטליך געפלוידערט.

איך ווייס נישט ווי אזוי, נאר פלוצים בין איך געווארען אויפמערקזאם אויף דער שטארקער פעראנדערונג, וואס איז פאר־געקומען מיט ליזע'ן איבער איר קינדעריש פנים'על האט זיך מיט אמאל אויסגעגאסען אזא וועהטאגדיגער אומעט און אירע ברענענדע אויגען האט זי כסדר געהאלטען געריכטעט אויף דעם יונגען מאה־לער און באגלייטערין. פאר מיר איז דאן קלאר געווארען, אז ליזע און הערמאן האבען זער גוט געקענט איינער דעם צווייטען — —

די אזוי פאר'כשופ'טע רוהיגקייט, וואס האט ערשט נישט לאנג צוריק באהערשט ליזע'ן איז פון איר איצט אינגאנצען פאר־שוואונדען. זי האט אויף קיין ארט נישט געקענט איינזיצען... זי האט זיך איבערגעזעצט פון איין שטול אויפ'ן צווייטען; איז ארייין

אין הויז און איז גלייך ווידער צוריקגעקומען... אירע אויגען זע־נען געווארען גלאנציג — — —

איך האב מיך אויפגעשטעלט, געדאנקט פאר דער פריינדלי־כער איינלאדונג, פאר דער גוטער קאפע און ליבער געזעלשאפט און געבעטען מיר צו ערלויבען זיך צוריקצוציהען, ווייל איך האב געוואלט געהן אויף א שפאציר דורכ'ן וואלד איידער די נאכט פאלט צו.

דאקטאר בערנארד האט מיך געבעטען בלייבען, דאגעגען האט ליזע אונטערשטיצט מיין פארשלאג און גלייך צוגעגעבען, אז אויך זי וואלט זיך זער ווען דורכגעהן, זי איז אזוי מיד פונ'ם זי־צען... זי האט זיך דאן געווענדעט צו מיר מיט א פריינדליכען שמייכעל און געפרעגט צו איך האב וואס דאגעגען, אז זי זאל מיך באגלייטען אויף מיין שפאציר.

ליזע'ס פארשלאג האט מיך אויף א ווײלע ארייגעבראכט אין א פארלעגענהייט. איך האב נישט געקענט זאגען יא און נישט ניין... מיר איז עס געווען אונאנגענעהם סיי פאר דאקטאר בער־נארד סיי פאר די פרעמדע געסט צו זאגען יא, גלייכצייטיג האב איך פארשטאנען ליזע'ס אבזיכט מיט איר פארשלאג און איר נישט געקענט זאגען ניין... זעהענדיג אבער אין דאקטאר בערנארד'ס בליק א מין גלייכגילטיגקייט, האב איך ענדליך איינגעשטימט און מיר האבען זיך געלאזט געהן אין דער ריכטונג פון וואלד.

ווען מיר זענען שוין געווען אפגעגאנגען א שטיקעל וועג,

האט זיך ליזע פלוצים צוריק אומגעקערט צו דער טעראסע און ווענ־דענדיג זיך צו די פרעמדע געסט האט זי געזאגט:

„ענטשולדיגט, איך ווייס נישט צו איר וועט נאך דא זיין ווען מיר וועלען זיך אומקערען, וועל איך ליבער גלייך זאגען: א גוטע נאכט!...“

אין ליזע׳ס ווערטער איז געלעגען א מין באהאלטענע גיפ־טיגקייט. ווען זי האט דערלאנגט הערמאנ׳ען די האנט, איז איר פנים געווארען רויטליך און אונרוהיג... זי האט זיך דאן גלייך אומ־געקערט און מיך גענומען אונטער׳ן ארים.

מיר האבען זיך געלאזט מיט׳ן שטראנד־וועג צום ווALד.

די נאכט האט אנגעהויבען ארונטערזונקען און אויסגעשפרייט אירע טונקעלע פליגעל איבער דער ארומיגער סביבה. אלעס ארום אונז איז געלעגען אין אזא טיפער שטילקייט ווי דער נאכט־קעניג וואלט זיין טראן אויסגעבויט ביי דעם דאזיגען ברעג פון ים...

ליזע איז שטיל געגאנגען ביי מיין זייט און קיין ווארט נישט ארויסגערעדט.

איך בין געגאנגען נעבען איר און נישט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען איר מערקווערדיגער האנדלונג און די פלוצימדיגע פארענדערונג, וואס מיט איר איז פארגעקומען ערשט פאר א ווײַלע. ווען מיר זענען אריינגעקומען אין וואלד אריין האט ליזע איבער־געריסען דאס שטילשווייגען:

„זאגט, איר האלט זיך דאך פאר א מענשען־קענער, וואס איז

אייער מיינונג וועגען די דאזיגע צוויי מענשען?“

איך האב זי א ווײלע באטראכט.

„יא, ער זעהט אויס צו זיין א זער אינטערעסאנטער בחור...

און זי איז א זער שען מעדעל... זיי פאסען זער גוט איינער דעם אנדערען... — דאס איז אלעס, וואס איך קען אייך זאגען...“

„דאס איז אלזא אייער מיינונג... אבי איך האב געמיינט, דאס איר זייט טאקי אנ'אמת'ער מענשען־קענער!...“ האט ליזע געזאגט פארביטערט. דאן האט זי צוגעגעבען מיט א איראנישען שמייכעל:

„און זי איז, זאגט איר, א זער שען מעדעל...“

„יא, זי האט זער שענע און קלוגע אויגען און אזא אויפריכ־טיגען אונשולדיגען בליק!...“ האט זיך ביי מיר ארויסגעריסען ווי אויף צו להכעיס.

„אזוי... זער שענע און קלוגע אויגען און אזא אויפריכטיגען אונשולדיגען בליק?!...“

פון ליזע'ס אויגען האט ארויסגעשפראצט א גיפטיג פייער'ל.

„דאס איז מיין מיינונג...“

„דאס איז א י י ע ר מיינונג“ האט ליזע ארויסגעבראכען אין א ביטערען געלעכטער. „זאגט, איר האט זיך שוין אפשר פארליבט איר?... און וואס איז אייער מיינונג וועגען אירע גרויסע, פערדישע ציין?... האט זי זיך אלס ווייטער געצוואונגען צו לאכען, כאטש א טיפע פארביטערונג האט ארויסגעשיינט פון איר אינערען...

„אמת, אירע ציין, זענען אביסעל צו גרויס צו איר קליינעם וועזען...״ בין איך געווען געצוואונגען צוצוגעבען, „זיי זענען אבער אזוי ווייס ווי פערל און קליידען איבריגענס צו איר שמייכעל...״

ליזע איז מיט אמאל אנטשוויגען געווארען, ווי פריהער איז זי שטיל געגאנגען ביי מיין זייט און אירע אויגען נישט אויפגעהויבען. שפעטער ווען איך האב זי געפרעגט ווער עס זענען אייגענטליך די צוויי מענשען און צו וואס זענען זיי עס דא אזוי אונערווארטעט אהערגעקומען, האט זי מיט כעס אויסגערופען:

„געהט, איך וויל מיט אייך מער נישט רעדען, איר זייט א שלעכטער מענש און זענט נישט גאנץ נארמאל!...״ און דא האט זי זיך פלוצים אראפגעלאזט אויף די קניען און פארדעקענדיג מיט די הענט דאס פנים, האט זי אויסגעבראכען אין א ביטערען געוויין.

ערשטוינט פון ליזע׳ס פארצווייפלונג, האב איך מיך צו איר איינגעבויגען און זי גענומען בארוהיגען. זי האט זיך געווארפען, מיך אפגעשטויסען פון זיך און נישט געלאזט צו זיך רעדען. זי האט געבעטען איך זאל פון איר אוועק געהן און זי לאזען גאנץ אליין.

איך האב מיך אויפגעשטעלט און זיך געלאזט געהן טיפער אין וואלד אריין. ווען איך בין געווען אפגעגאנגען עטליכע צענדליג טריט, האב איך דערהערט ווי ליזע איז פלוצים אויפגעשפרונגען און זיך געלאזט לויפען מיט אלע כחות בארג־אראפ. איך האב מיך אומגעווענדעט און א וויילע בין איך געשטאנען א פארגאפטער. איך האב נישט פארשטאנען וואס דאס זאל באדייטען. מיט אמאל איז

מיר ווי א בליץ פארבייגעלאפען א שרעקליכער געדאנק אין קאפ, און נאך איידער איך האב גענומען טראכטען דערוועגען, האב איך מיך מיט אלע מיינע כחות א לאז געטון נאך ליזע'ן.

ווען איך האב זי דערגרייכט, האט זי זיך א ריס געטון פון מיינע הענד און זיך א שליידער געטון פונ'ם בארג וואס האט מיט זיין עק דערלאנגט דעם ווייסען שטראנדביים ים. איך בין שטעהן געבליבען ווי צוגעשמידט צום ארט און געזעהן ווי ליזע'ס שלאנ־קער קערפער האט זיך געקייקעלט פונ'ם בארג און איז אין א ווייל ע ארום ליגען געבליבען אויפ'ן ווייסען שטראנד.

געטראגען ווי פון א ווילדען ריח האב איך מיך מיט א גע־שריי געלאזט לויפען מיט'ן בארג־וועג צום שטראנד ארונטער. ווען איך האב דערגרייכט דעם שטראנד־ברעג איז ליזע געלעגען אין א באוואוסטלאזען צושטאנד. איר קאפ איז געווען צובלוטיגט. שנעל האב איך זי א כאפ געטון אויף די הענט און זיך מיט איר געלאזט לויפען צו דער טעראסע.

— — — — — — — — — — — — — — —

טייערע פריינדין, זייט נישט שטארק איבערראשט פון מיין איצטיגער באמערקונג, וואס איך וועל אייך דא מאכען. זי איז גאנץ נאטירליך און איז אזוי געהענט צום אמת, אז זי דארף אייך נישט איבערראשען: ווען מיר האבען ליזע'ן אריינגעלעגט אין בעט און ארומגעוואשען איר צובלוטיגט פנים, האט זיך דאקטאר בערנארד, וועלכער איז געווען זער פארצווייפעלט פון דער געשעהעניש, צו

מיר געווענדעט מיט פאלגענדע ווערטער: מיר האט דאס געשעהענע נישט איבערראשט... גלייך ווי אט די צוויי פרעמדע מענשען זע־נען אהער אנגעקומען, האב איך געפילט, אז היינט אווענד וועט פארקומען עפעס אונגעוועהנליכעס מיט ליזע׳ן.

זייט דעם דאזיגען אווענד בין איך כמעט נישט אפגעטרעטען פון ליזע׳ס בעט. דאס האב איך מיט פארגעניגען געטון, לויט איר אייגענעם וואונש. שעה׳נווייז זיץ איך ביי איר בעט און האלט איר איידעלער ווייסער האנט אין מיינער און אירע אויגען קוקען אויף מיר מיט אזא ליבער ווארימקייט ווי נאך קיינמאל נישט פריהער... היינט פארטאג האב איך מיך נישט געקענט צוריקהאלטען פון צו קושען אירע ברוינע אויגען־דעקלען... ווען זי האט דערפילט מיין הייסען אטעם אויף איר פנים, האט זי פעסט געגומען דריקען מיין האנט צו איר צארטער ווארימער ברוסט — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

.2

26 יוני.

טייערע פריינדין,

זייט מוחל, וואס איך נעהם מיר די דרייסטיגקייט אייך היינט ווידער צו שרייבען. עס ווילט זיך אזוי אראפרעדען פון הארץ די

איבערלעבענישען פאר די לעצטע עטליכע טעג... ביי מיר איז שוין געווען באשלאסען, אז איך זאל פארלאזען מיין איינזאמקייט און צו־ריקומען אין שטאט אריין, איז מיר אבער נעכטען אנגעקומען אייער הארציג בריוועל און דאס האט מיך אביסעל צוריקגעהאלטען...

א דאנק פאר דער שענער רויז, וואס איר האט בייגעלעגט אינ׳ם בריף. איך האב עטליכע מאל שטארק געקושט די דופטענדע רויזען־בלעטער.

אייער בריוועל האט מיך שטארק דערפרייט. דאס איז געווען אזא טייערע גרוס. נעכטען האב איך א גאנצען טאג געדענקט וועגען אייך. איך האב עטליכע מאל דורכ׳ן טאג אזוי ווארים געקושט ליזע׳ס שטערן און אירע איידעלע הענט — — — זי איז נאך שוואך און זער דאנקבאר פאר מיין אויפמערקזאמקייט צו איר...

די לעצטע נאכט איז אריבער גאנץ רוהיג. דער יונגער מאה־לער איז נאך נישט אוועק פון דאנען. ער האט געבעטען, אז ער וויל בלייבען נאך עטליכע טעג, ביז ליזע וועט געזונט ווערען... דאגעגען האט זיין באגלייטערין אונז פארלאזט מיט א זער געברא־כען געמיט.

לעצטע נאכט האב איך ווידער אמאל געוואכט ביי ליזע׳ס בעט.

ביי נאכט האט זי זיך פלוצים אויפגעזעצט אינ׳ם בעט און געוואלט אויפשטעהן. מיט שווערער מיה איז עס מיר געלונגען זי דערפון צוריקצוהאלטען. זי האט מיר כסדר געזוכט איינצורעדען, אז

זי איז שוין פאלקאם געזונט און זי וואלט גערען וועלען געהן מיט מיר אונטער׳ן ארים א קליינעם שפאציר ביים ברעג פון ים... שפע־טער צו האט זי זיך ווידער אמאל גענומען אנשטרענגען מיר איינ־צורעדען, אז דער „צופאל", וואס איז פארגעקומען, איז געווען צו־ליב דעם וואס דער לינקער פיס האט זיך ביי איר אויסגעגליטשט און נישט קענענדיג דערכאפען די גלייכגעוויכט, האט זי זיך אראפ־געקייקעלט פונ׳ם בארג — — — א רייצענדער חן ליגט אויסגע־גאסען אויף איר בלאס פנים ווען זי רעדט און זוכט מיר איבערצו־צייגען, אז דאס איז געווען א „ריינער צופאל"... איך לאז עס איר וואויל באקומען...

א פנים אז זי האט באמערקט אין מיין שמייכעל, דאס איך צווייפעל אין אירע רייד, ווייל גלייך דערנאך האט זי זיך גענומען ביי מיר בעטען, אז איך זאל אויסהערען א קליין משה׳לע, וואס זי האט אמאל געהערט דערצעלען פון א פישער־פרוי, דא ביים ברעג פון ים... זי וויל אזוי גערען, אז איך זאל אויסהערען דאס מעשה׳לע מיט אויפמערקזאמקייט. ווען איך האב איר דאס פארשפראכען, האט זי א כאפ געטון מיין האנט אין אירער און זי געדרוקט צו איר ברוסט — — אך, וואס פאר אנ׳איידעלע נשמה דאס איז, די ליזע!...

איך וויים נישט, פריינדין, צו דאס דאזיגע מעשה׳לע וועט אייך שטארק אינטערעסירען, דאך וועל איך פרובען עס פאר אייך איבערגעבען:

אמאל, שוין גאנץ לאנג צוריק, האט א גרויסער שטורם דעם

ים באהערשט. א גאנצען טאג און א גאנצע נאכט האט דער ריזיגער ים געברויזט און געקרעכצט ווי א ווילדער טיגער, און געשליידערט די שיפען, וואס האבען זיך אויף אים געפונען אהין און אהער, פון איין זייט אויף דער אנדערער, ווי שטיקלעך לייכטע פעדערען...

די אלטע פישער, ביים ברעג ים, זענען אויף די קניען געלעגען און צו גאט געבעטען אז ער זאל זיי מוחל זיין פאר זייערע חטאים און אפשטעלען זיין צארן...

דעם נעכסטען פריהמארגען האט זיך דער שטורם איינגעשטילט און ביים ברעג פון ים האט מען פלוצים דערזעהן א שיפסברוך: אויף א שטיק ברעט האט זיך געהאלטען א מענש, וועלכער האט מיט זיינע לעצטע כחות גערופען נאך הילף. אנ׳אויסגעמאטערטען און האלב־דערשלאגענעם האט מען דעם אונגליקליכען צום ברעג דערשלעפט און אים אריינגעטראגען אין דעם נאהנסטען פישער־הייזעל כדי ביי אים דאס לעבען צו דערראטעווען.

ווען דער געראטעוועטער איז אין עטליכע טעג ארום געקומען צו זיך, האט ער דערצעלט, אז ער איז א יונגער פישער און אז אלע זיינע חברים זענען פון די ברויזענדע חואליעס איינגעשלונגען געווארען און ער איינער אליין האט איבער א מעת לעת געקעמפט מיט׳ן טויט, ביז די גוטע מענשען דא האבען אים דאס לעבען געראטעוועט.

פון דאמאלט אן איז דער יונגער פישער דא ארומגעגאנגען ביים ברעג ים און געפ״רט אנ׳איינזאם אפגעשייט לעבען ביז — —

די יונגע הויכע פישערקע העלמא, האט דעם פרעמדען פישער דער־
זעהן און אים שטארק האלד באקומען... זי פלעגט מיט אים ארומ־
געהן טאג און נאכט; אין וואלד און אויף די ברעג׳ן ארומ׳ן ים און
נישט אויפגעהערט אים צו לאשטשען און גלעטען זיינע שווארצע
האר... דאס האט אבער וויגען — א צווייטער יונגער פישער־יונג
פון דער געגענד, וועלכער האט שוין פון לאנג העלמא׳ן ליב געהאט,
נישט געקענט אריבערטראגען, האט ער אויפגעפאדערט דעם פרעג־
דען, זיין שונא, אז ער זאל דעם ברעג פארלאזען און זיך מער פאר
זיינע אויגען נישט ווייזען, ווייל ער, דער פרעמדער, איז אהערגע־
קומען נאר זיין גליק צו רויבען... און ווען די פישער האבען זיך
אמאל, נאך א גאנצער נאכט שווערער ארבייט, פון ים אומגע־
קערט, האבען זיי באמערקט, אז דער פרעמדער, מיט די שענע אוי־
גען און שווארצע האר, איז צווישען זיי מער נישט געווען. מען
האט גענומען זוכען, פרעגען. — אומזיסט, פארשוואונדען איז דער
פרעמדער פישער — — —

פון דאמאלט אן איז העלמא ארומגעגאנגען מיט א צובראכען
געמיט: געוויינט און געקלאגט מיט ביטערע טרערען. גאנצע נעכט
פלעגט זי ביים ברעג פון ים זיצען און אויף דעם יונגען פישער
ווארטען... ער איז קיינמאל מער נישט צוריקגעקומען...

מיט אמאל האבען די פישער באמערקט, אז אויך העלמא איז
פלוצים פון דער געגענד פארשוואונדען. מען האט גענומען זוכען
פרעגען — אומזיסט. פארשוואונדען איז די יונגע, שענע העלמא,

איצט נאך דערצעלען די אלטע פישער, אז אפט מאל, נאך האלבער נאכט, ווען מען ערווארטעט א גרויסען שטורם, דערזעהט מען ביים ברעג ים ארומשפאצירען דעם פרעמדען פישער מיט העל־מאַן ארעם אין ארעם: — א סימן אז א גרויסער שטורם וועט קומען.

— — — — — — — — — — — — — — —

ווען ליזע האט געענדיגט איר מעשה׳לע זענען אירע צוויי בלויע אויגען געשטאנען אויף מיר און מיך א ווײַלע נאכדענקענט אנגעקוקט ווי זי וואלט וועלען וואס צולעגען, עפעס וואס דערזא־גען צו דעם מעשה׳לע, איך האב פארשטאנען איר בליק און גע־זאגט:

„איך ווייס וואס איר ווילט זאגען, טייער קינד, זאגט עס אבער נישט, ווייל איך וועל ־אן פארגעסען דעם אינהאלט פון דעם מעשה׳לע!...“

זי האט מער גארנישט געזאגט, בלויז מילד און ליבליך איינ־געטוליעט איר קאפ אין מיין ברוסט, זיך דארט אזוי שטארק איינ־געטוליעט — — — אין א ווײַלע ארום האט זי אויפגעהויבען אירע בליקען און האלטענדיג זיי געריכטעט געגען מיינע, האט זי מיט א קינדערישער מינע צוגעגעבען:

„איר זייט דאך אזא ליבער, אזא גוטער ליבער!... א יא, איר וועט מער נישט אוועקפארען פון דאנען?...“

איך האב געצערטעלט איר שענעם קאפ האר און געקושט אירע אויגען:

„קיינמאל נישט, מיין קינד, קיינמאל נישט!...“

— — — — — — — — — — — — — — —

אך, טייערע פריינדין, איר קענט זיך קוים פארשטעלען, וואס פאר א באדייטונג דער דאזיגער אונשולדיגער נפש האט געהאט פאר מיר אין מיינע איינזאמע שעה׳ן?

האט נישט קיין פאריבעל אויף מיר, וואס איך האב אייך דאס מאל ווידער אזוי לאנג אויפגעהאלטען מיט אזא לאנגער געשיכטע און דענקט נישט שלעכט וועגען מיר פאר מיינע הייליגע קושען אויף ליזע׳ס שטערען און פייכטע אויגען — — — איך בין דאך איר אזוי פיל שולדיג, דעם ערליכען מלאך — — — איר אונ־שולדיגער בליק האלט מיך אזוי געפאנגען, ווי איך וואלט מיט איי־זערנע קייטען זיך צוגעבונדען צו איר צארטער קערפער — — — איך פיל ווי זי האלט מיך געפאנגען, די איידעלע, גוטע, ליזע...

איך בעט אייך, ליבע פריינדין, שרייבט מיר פון צייט צו צייט עטליכע שורות און לאזט מיר וויסען ווי עס געהט אייך. באהאלט אויך נישט אייערע געפילען פאר מיר.

אייער איבערגעגעבענער

הערמאן.